# וואָס חיימל ווייסט וועגן חנוכה



אנגעשריבן און צוזאַמענגעשטעלט דורך מלכה שוחט



הער צו, מיין זון, דעם מוסר פון דיין פאטער;
און דו זאָלסט ניט פארלאָזן די לערע פון דיין מוטער.
וואָרום איך בין אויך געוועזן א זון ביי מיין פאטער,
אָ ציטידיקער און אָן איינאיינציקער פאר מיין מוטער.
און ער האָט מיך געלערנט, און געזאָגט:
זאָל דיין הארץ זיך האלטן אָן מיינע ווערטער
היט מיינע געבאָטן און לעב.

(פון מישלי לוים יהואש)

אין פוילן, אין א קליינעם שטעטל, אַנהייבס ווינטער. די טעג זיינען געווען קליינע און כמורנע. אין דרויסן האָט געשאָטן אַ שניי. באַדעקנדיק מיט אַ מילך קלאָרע ווייסקייט: אַלע שטיבער, גערטנער ביימער און וועגן. איז הימל: א פּאַרסאַפּעטער, מיט צעפלאָמטע הייטע בעקלעך, כמעט ווי אריינגעפאלן אין שטוב מיט א געשריי.

„מאַמע ! וואו איז דער טאַטע? ער דאַרף מיר געבן חנוכה געלט. חנוכה, גיבן אַלע טאַטעס און גוטע פריינט חנוכה געלט די קינדער. דער רבי האָט געזאָגט, אז פון היינט אָן איבער אַלע אכט טעג חנוכה וועלן מיר גיין האלבע טעג אין חדר. היינט בענטשט מען דאָס ערשטע ליכטל".

— גוט, מיין קינד ! — האָט די מאַמע געענטפערט חיימלען — טו זיך אויס, רו זיך אָפּ. באַלד וועט קומען דער טאַטע פון דער ארבעט. וועט ער דאַווענען מעריב, בענטשן חנוכה-ליכטלעך און דיר געבן חנוכה געלט. ווידער, מיין קינד! וועל איך נאָכן עסן גיין

צום זיידן. וועסטו מיט מיר מיטגיין וועט ער דיר אויך געבן חנוכה געלט. דערווייל וועל איך צוגרייטן לאטקעס צום אונטערבייס. ווייל דו ווייסט דאך מסתמא, אז חנוכה עסט מען לאטקעס.

חיימלען, איז שוין געווען גרויס די ווילע. ער האט גע-וואלט, אז עס זאל שוין וואס גיכער זיין אוונט. דער טאטע זאל שוין דאווענען מעריב, בענטשן חנוכה-ליכטלעך, געבן אים חנוכה געלט, אפעסן לאטקעס און גיין מיט דער מאמען צום זיידן.

ענדלעך האט ער זיך דערוואַרט.

א צופרידענער מיט דעם טאטנס חנוכה געלט האט ער זיך מיט זיין מאמען געלאזט צום זיידן.

ווען חיימל איז אריינגעקומען צום זיידן אין שטוב, אים-שטייענדיק דעם גוט אוונט פון יענער זייט טיר, האט ער נאך גע-פראפן ברענען דאס חנוכה-ליכטל אויף א בענקל לעבן טיר, מיטן שמש ביי דער זייט. און דער זיידע איז געזעסן ביי זיך אין צימער און גערעדט מיט א מענטשן.

הימל וואַרט און וואַרט. קוקט אַלע מאָל אויפֿן זייגער, אויף דער טיר פֿון דעם ווידנס צימער· און אַ ברוגזער אין דער שטיל רעדט ער צו זיך אַליין.

— פֿאַרוואָס ווערט שוין דער זייגער נישט שפּעט?
— פֿאַרוואָס גייט שוין ניט אַוועק דער מענטש?

ענדלעך איז דער מענטש אַוועק. עס קומט אַרויס דער זיידע. און ער זאָגט: — אָ, אָ ! אַ גאַסט. ס׳קאַצל קומט. ווייזט אויס חברה מאַן, אַז דו ביסט געקומען. איך זאָל דיר אָפּגעבן דיין חוב. באַלד ביי דעם ערשטן מאָמענט פֿון דער אָנגעלאָפֿענער דאַטע...

מילא!... וואָס קען דאָס זיין. דו ביסט דאָך שוין געקומען; דאַרף מען דיר באַצאָלן. דערפֿאַר האָט מען דאָך מיר געגעבן חנוכה געלט, ווען איך בין-א קינד געווען אַז איך זאָל דיר **אָפּגעבן...**

**איך** בין מודה אַז עס איז אַ חוב. מע מוז באַצאָלן; לויט **דער אויסגעשטעלטער** דאַטע און לויט דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס...

אָבער זאָג מיר, חברה מאַן...

— ווייסטו וויפל ליכטלעך, מען צינדט יעדן נאַכט פון חנוכה?

— יע, ווידע! איך ווייס. — האָט חיימל געענטפערט.

— די ערשטע נאַכט, איין ליכט...

— די צווייטע — צוויי.

— די דריטע — דריי.

— און אזוי יעדע נאַכט איין ליכטל מער ביז די אכטע נאַכט פון חנוכה ווען מ'צינדט אָן גאַנצע אכט ליכטלעך.

אויב אזוי! זאָג זשע מיר, וויפל ליכטלעך, צינדט מען בכלל איבער אַלע נעכט פון חנוכה?

חיימל האָט גערעכנט און גערעכנט. ער האָט אפילו באַנוצט אַלע פינגער פון די הענט צום רעכענען. אָבער עס איז ביי אים גאָרניט ארויסגעקומען. ער איז געווען שטאַרק אומגעדולדיק צו וויסן וויפל חנוכה געלט דער ווידע וועט אים געבן. דער־פאַר האָט ער געענטפערט:

— ווידע! דאָס, וועל איך דיר מאָרגן זאָגן.

— אָ, גוט ! — האָט דער זיידע געענטפערט — אָבער זאָג מיר, אפשר ווייסטו?... וואָס באַטייטן די אותיות, הא, שין, נון, גימל? וואָס זיינען אויפגעשריבן אויפן חנוכה דריידל.

די אותיות, הא, שין, נון, גימל, פונעם חנוכה דריידל, ווילן זאָגן: היה שם נס גדול. דאָרטן איז געווען א גרויסער נס.

דאָרטן איז געווען א גרויסער נס. — האָט דער זיידע איבערגעזאָגט מיט היימלים ווערטער און צוגעגעבן. — וואו, וואו איז דאָס דער דאָרטן?... און וואָס איז דאָס פאר א נס געווען?

— דאָרטן אין ארץ-ישראל, א מאָל אמאָל, ווען אלע יידן וואָס האָבן געלעבט אויף דער וועלט, זיינען געווען ביי זיך אין זייער אייגן לאנד, ווי אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין זייערע לענדער. זיינען געקומען די גריכן מיט זייער שלעכטן קעניג אנטיוכוס. האָבן רעגירט איבערן לאנד. האָבן אריינגעשטעלט א גרויסן געטש אין בית-המקדש אין ירושלים. און האָבן באפוילן מע זאָל זיך בוקן צום אָפּגאָט, מע זאָל ניט אָפּהיטן די יידישע ימים-טובים, און מע זאָל ניט אויספאָלגן די רייד פון אונזער היי-

ליקער תורה... ווער עס האָט זיך ניט צוגעהערט צו די רייד פון דעם שלעכטן קעניג און מעהאָט אים געבאפט. האָט מען אים געהרגעט.

דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען דער אַלטער העלדישער מאַן מתתיהו החשמונאי מיט זיינע העלדישע פינף זין, מיט נאָך אַ סך ידישע גבורים. און האָבן פאַרפירט אַ מלחמה מיט די גריכן.

און כאָטש די גריכן זיינען געווען אַ סך מער אין צאָל און שטאַרקער באוואָפנט. האָבן די ידן צעשלאָגן אַפּאָלאָניוסן געמאַכט זיך פריי אַ וועג קיין ירושלים, און דעם פינף און צוואַנציקסטן טאָג אין חודש כסליו, האָט מען נאָך דעם ווי די העלדישע ידישע אַרמיי מיט איר העלדישן פירער יהודה המכבי, דער זון פון מתתיהו החשמונאי, געווינען ירושלים, אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט. — אויסגערייניקט דעם בית המקדש. צעבראָכן אַלע גריכישע געטשעס און געמאַכט דעם יום-טוב חנוכה. דאָס הייסט דער יום-טוב ווען מע האָט באַנייט דעם בית-המקדש.

עס ווערט דערציילט אַז ווען יהודה המכבי מיט נאָך כהנים

האָבן געוואָלט אַנצינדן די מנורה פון בית־המקדש צו דעם יום־טוב פון דער באַנייאונג. האָבן זיי ניט געהאַט קיין בוימל. ווייל די גריכן האָבן פאַראומריינקט אַלע הייליקע בוימלען.

די יידן זיינען געוואָרן שטאַרק פאַרצווייפלט און האָבן ניט געוואוסט וואָס טאָן. עס האָט געדאַרפט דויערן גאַנצע אכט טעג ביז מען וועט נייעם בוימל אויסאַרבעטן דעמאָלט האָט מען געפינען אין א ווינקל פון דעם בית המקדש א קליין · קריגעלע מיט בוימל וואָס איז געווען פאַרחתמט מיט דער חתימה פונעם כהן גדול. האָט מען שוין געוויסט אַז דאָס איז ריינער בוימל. אָבער דאָס קריגעלע בוימל איז געווען זייער א קליינס. עס וואָלט געווען קוים גענוג צום ברענען אין דער מנורה איין נאַכט. איז געשען א נס און ס׳האָט געברענט גאַנצע אכט טעג.

אַט אזוי דערציילנדיק דעם יידן די געשיכטע פון חנוכה, האָט זיך היימל אזוי פאַרטראַכט· אַז ער האָט ניט באַמערקט ווי דער ציידע האָט זיך דערהייל אַנידערגעזעצט לעבן אים. אים גענומען איבן שוים און אזוי זיצנדיק ביים יידן איבן שוים האָט

חײמל געענדיקט די מעשה און געבליבן װײטער זיצן א פאַר־טראַכטער.

— װאָס ביסטו דאָס אַזױ פאַרטראַכט און פאַרקלערט?...
חברה מאַן דו אײנער!

— האָט דער זײדע אַזױ װי אױפגעװעקט חײמ׳לען פון שלאָף.

— זײדע! איך קלער אז איך דאַרף גוט, גוט לערנען. װײל איך דאַרף װערן א גוטער ייד.

— איך װיל אױך זײן א העלד װי עס איז געװען מתתיהו החשמונאי און יהודה המכבי. װײל אין אַלע צײטן זײנען דאָ שלעכטע הערשער װאָס װילן שלעכטס טאָן אונז יידן...

זײדע! איך האָב ביר נאָך ניט אַלעס דערצײלט װאָס איך װײס װעגן חנוכה. איך בין געװען אומגעדולדיק איך האָב געװאָלט אז־דו זאָלסט מיר שױן װאָס גיכער חנוכה געלט געבן. איך װײס נאָך װעגן חנה׳ען מיט אירע זיבן קינדער.

— יע, מיין קינד ! איך זע אז דו ווייסט..

דו ווייסט זייער גוט...

אָבער מיין קינד עס איז שוין א ביסל שפּעט. מע דאַרף גיין שלאָפן. נאַ דיר מיין קינד דיין בשר פאַרדינטן חוב. דו האָסט די וועדרע איך זאָל דיר אים באַצאָלן. — האָט דער ווידע איבערגע־שלאָגן הימלען. און א היטן, היטן קוש האָט דער ווידע אָפּגע־פּרעסט דיין אייניקל.



